ליטמאן

# מײַסעלעך



„קינדער־פֿרײַנד“, װאַרשע 1936

# אַ מיידעלע אין בריווקעסטל

אַ טאַטע גייט מיט זײַן מיידעלע אַרײַנוואַרפֿן אַ בריוו אין פּאָסטקעסטל. האָט ער אַ טאָעס און וואַרפֿט נישט אַרײַן אין קעסטל דעם בריוו, נאָר גאָר דאָס מיידעלע.

דויערט נישט לאַנג און עס קומט אַ מענטש פֿון דער פּאָסט, וואָס ווייסט נישט פֿון קיין כאַכמעס און ער נעמט אַרויס פֿון קעסטל די בריוו מיטן מיידעלע און טראָגט זיי אָפּ אויף דער פּאָסט.

איז אויף דער פּאָסט פֿאַראַן אַן אַנדערער מענטש. קוקט ער איבער אַלע בריוו און געפֿינט צווישן זיי דאָס מיידעלע.

— וואָס טוסטו דאָ, האַ? — פֿרעגט ער.

— מײַן טאַטע האָט מיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין קעסטל

— אַזוי! און ווו איז דער אַדרעס?

— ער האָט נישט אָנגעשריבן.

— און ווו זענען די פּאָסטמאַרקעס?

— איך ווייס נישט.

קלערט ער, דער מענטש, און קלערט:

— מען דאַרף דיך צוריקשיקן, אָבער איך וויים דאָך נישט וווּהין.

הערט דאָס אַ בריוועלע, זאָגט עס:

— אוי, שיק נישט צוריק דאָס מיידעלע, איך האָב דרײַ סענט פּאָסטמאַרקעס איבעריקע, גיב איך זיי אָפּ דעם מיידעלע.

— עס איז ווייניק.

— איך האָב אויך איין סענט אַן איבעריקן, — שרײַט אויס אַ צווייט בריוועלע.



— און איך צוויי...

האַקיצער, מען האָט צונויפגעשלאָגן פֿאַרן מיידעלע פּאָסטמאַרקעס און זי מיטגענומען אויפֿן שיף.

א וועג האָט דאָס מיידעלע געהאַט אַ פֿריילעכן, יעדעס בריוועלע האָט דערציילט אַן אַנדער מײַסעלע: ווער אַ טרויעריקס און ווער אַ פֿריילעכס, ווער אַ מײַסעלע פֿון גוטע קינדערלעך און ווער אַ מײַסעלע פֿון שלעכטע.

אַז די שיף איז געקומען קיין אייראָפּע, האָט זיך באַוויזן אַ מענטש און יעדעס בריוועלע געפרעגט:

בריוועלע, בריוועלע,
זאָג מיר צי ווייסטו,
וווהין פאָרסטו
און וווהין גייסטו?

האָבן די בריוועלעך געזאָגט:

— איך גיי קיין ליטע...
— איך גיי קיין פוילן...
— איך קיין פּיטימיטע...
— איך — צו רעב יויעלן.

אַז עס איז געקומען צום מיידעלע, האָט זי נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן און דער מענטש האָט זי צוריק געשיקט קיין אַרגענטינע און דאָ האָט מען איר געבראַכט אויף אַ פּלאַץ און יעדן געפרעגט:

— ווער קויפט אַ מיידעלע,
אַ מיידעלע פון פּאָסט? —
ביליק און וואָלוול,
אַ גראָשן זי קאָסט.

איז געקומען צו לויפן באַלד דעם מיידעלעס טאַטע און געזאָגט:

— וויפל קאָסט דאָס מיידעלע. — אַ גראָשן? נאַט אײַך צען און גיט זי מיר אָפּ צוריק.

# דער שטדריק פון די פייגל

א פויגל זיצט דריי טעג און דריי נעכט פאַר־
שפאַרט אין א שטײַגל און כאַפּט זיך פון דאָרטן
אַרויס. פליט ער אָן אָפּשטעל א ליגאָמעטער און צוויי
און דריי — ביז ער קומט אין וואַלד, צו זײַנע שוועס־



טער און ברידער און הייבט דאָרט אויף אַ געשריי:
— כאַוויירים, פייגל!...

די פייגל פליען אַרום שטיפעריש אין וואַלד, זינ־
גען און שפרינגען און ווען זיי דערהערן דאָס קאָל פון
זייער באַפרײַטן כאַווער, לויפן זיי זיך אַלע צוזאַמען

מיט אַ פרייד און ווילן אים באַגריסן, אָבער דער פויגל לאָזט זיי נישט רעדן.

— פייגל! — זאָגט ער — איר זעט דאָרט די שטאָט?

די פייגל דרייען אויס פאַרכידעשט זייערע קעפּלעך און זאָגן:

— יאָ, מיר זעען...

— ווייסט איר, וויפל טויזנטער ברידער און שוועסטער אונדזערע געפינען זיך דאָרט אין שטייגן?

די פייגל לאָזן אַראָפּ טרויעריק די קעפּלעך:

— מיר ווייסן.

— מײַן אָרעם קינדעלע נעבעך — זאָגט וויינענדיק אַ מאַמע.

— מײַן קליין שוועסטערל — זיפצט אַ ברודער.

— מײַן טאַטע...

— מײַן מאַמע...

אין וואַלד ווערט מיטאַמאָל שטיל און אומעטיק און עס ווערן אַנטשוויגן אַלע פייגל און כאַיעס און מען הערט נאָר רוישן די ביימער, וועלכע שאָקלען טרויעריק די קעפּ.

דער פויגל קוקט אויף זײַנע קאָלעגן און שרײַט אויס:

— פייגל! מיר טאָרן נישט דערלאָזן מער צו דעם!

— וואָס זאָל מען טון? — פרעגן די איבעריקע פייגל.

— קיין איין פויגל וועט מאָרגן נישט צווי־טשערן!

איך מאָרגן איז די שטאָט אויפגעשטאַנען שפּע־טער ווי טאָמיד און אַלע קינדער זענען געקומען שפּעט אין שול.

— וואָס איז געשען? — האָט מען זיך געפרעגט.

— מיך וועקט אַלע טאָג אויף דאָס צוויטשערן פון פייגל און היינט האָט מען נישט געהערט קיין פייגל צוויטשערן — האָט געזאָגט איין יינגעלע.

— אַפילו דאָס פייגעלע, וואָס זיצט ביי מיר אין שטייגעלע, איז אַנטשוויגן געוואָרן און מען הערט נישט פון דעם קיין שאָרך.

— זאָלן די פייגל אין סאַמע פרילינג האָבן אַוועק־געפלויגן אין אַנדערע לענדער?

דער טאָג איז געווען אַ גרויער, אַן אומעטיקער. און אַז די קינדער זענען געקומען אויף דער גאַס, האָבן זיי באַמערקט, אַז עס איז אויסגעשפּרייט איבער איר אַ געוואַלדיקע מאָרעשכוידע און אַלע ביימער און בלומען שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און שווייגן.

— וואָס קומט דאָ פאָר? — פרעגט אַ יינגעלע.

— נעכטן זענען די ביימער געווען אַזוי פריש און

נרין און געהאַלטן אין סאַמע מיטן בליִען און הײַנט זעען זיי אויס אַזוי אַלט און געל ווי אינמיטן האַרבסט...

—ביימער, ביימער, וואָס איז געשען? — האָט געפרעגט אַ מיידעלע.

אַ הויכער בוים האָט זיך אַ טרייסל געטון:

— מיר ווייסן נישט. די פייגל זענען הײַנט נישט געקומען, אונדז איז אומעטיק און מיר וועלקן...

— אַז מיר הערן נישט זייער געזאַנג, קענען מיר נישט בליִען און וואַקסן — האָט געזאָגט אַ צווייטער בוים.

— זיי ברענגען אונדז דעם פרילינג, די פרייד, די זון...

אויפן צווייטן טאָג איז די שטאָט געווען נאָך גרויער און אומעטיקער און די זון האָט זיך ערשט באַוויזן נאָך האַלבן טאָג, אַ קוק געטון אויף דער שטאָט, אויף די גאַסן, און באַלד אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ און ווידער טיף אַנטשלאָפן געוואָרן אין די ווײַסע קישנס.

— איר זעט — האָט געזאָגט איינער — אַז די פייגל זינגען נישט, איז דער זון אומעטיק.

— היינט איז די זון אינגאַנצן פאַרשלאָפן...

— די פייגל וועקן דאָך אויף דעם טאָג, די זון, די ביימער...

זעקס אומעטיקע טעג האָבן די קינדער פאַרבראַכט

אין שטאָט ; טעג אָן זון, אָן פרייד, אָן פרילינג און אָן שפּילערייען. און אויף זיבעטן טאָג זענען זיי אַוועק אין וואַלד איבעררעדן מיט די פייגל.

וואָס ווילט איר ? – האָבן זיי געפרעגט.

– קוידעם – האָבן די פייגל געזאָגט – ווילן מיר, איר זאָלט אַרויסלאָזן אונדזערע ברידער און שוועסטער פון אײַערע שטייגן.

– גוט. וואָס נאָך ?

– קיין שום פויגל זאָל מען מער נישט כאַפּן צוליב אַ קערנדל, צי אַ שטרוילע...

– אָפּגעמאַכט.

– איר זאָלט מער נישט צעשטערן אונדזערע נעסטן.

– מאַסקים.



אויפן צווייטן טאָג זענען טויזנטער פייגל צוריק געוואָרן אַרויסגעלאָזט און זיי זענען מיט פרייד

אַרויס אויף דער גאַס און אין זעלביקן טאָג האָט מען הונדערטער טייזנטער שטיינגן פאַרבּרענט עפנטלעך מיט געזאַנג.

אויף מאָרגן האָט די זון געשײַנט און געוואַרעמט ווי נאָך קיינמאָל, און די ביימער און בלומען האָבּן זיך צעבּליט און צעגרינט. און ווען די פייגל האָבּן זיך צעזונגען, האָבּן אַ סאַך גרויסע מוזיקער אַוועקגעלייגט זייערע אינסטרומענטן און געזאָגט:

— אַזוי זינגען פייגל האָבּן מיר נאָך קיינמאָל נישט געהערט!...

# אין כינע לאכט דער קייסער

דער קייסער פון כינע האָט אייגמאָל נישט געקענט שלאָפן, האָט ער זיך אויפגעהויבן שטיל פון זיין געלעגער, זיך ארויסגעגאנוועט פון פאַלאַץ און אַוועק שפּאַצירן איבער די גאסן און געסלעך פון דער שטאָט. געווען איז שוין נאָך האַלבער נאַכט. די גאַסן זענען געווען פּוסט און דער קייסער איז זיך אזוי ארומגעגאנגען מיט בײַטריט, אַרײַנגעאָטעמט די קילע און פרישע לופט און שטארק האַנאָע געהאַט.

— ווי גליקלעך עס זענען מײַנע אינטערטאנען, — האָט ער געזאָגט — ווי רויק און געשמאַק זיי שלאָפן עס...

קומענדיק אין אַ שמאָל געסל, האָט דער קייסער דערהערט אַ געוויין און געוואָרן אויפגעבראַכט:

— ווער וואַגט עס צו וויינען אין מײַן קיניגרײַך?

— האָט ער אויסגעשריגן.

ווי נאָר דער קייסער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער, איז באַלד אויסגעוואַקסן הינטער זײַנע פלייצעס

דער ערשטער מיניסטער, וועלכער האָט זיך טיף פאַרנייגט:

— ליכטיקער הערשער — האָט ער געזאָגט — דאָס וויינט אַ קינד...



דער קייסער איז גלייך אַוועק אין זיין פּאַלאַץ און אָנגעשריבן אַ געזעץ, לויט וועלכן עס ווערט אין גאַנץ כינע פאַרבאָטן צו וויינען.

— לאָז די כינעזער וויינען — האָט ער געזאָגט — און זיי וועלן דיר פאַרטרינקען דאָס לאַנד אין טרערן.

אַז דער געזעץ איז באַקאַנט געוואָרן אין לאַנד, זענען טויזנטער מענטשן געקומען צום קייסערס פּאַלאַץ און מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן:

— גרויסער הערשער! לאָז אונדז וויינען, עס איז דאָך אונדז אַזוי שווער אויפן האַרצן...

אָבער דער קייסער איז געווען האַרט און שטרענג, און ער האָט געזאָגט:

— ניין! דאָס קען שאַטן דעם גוטן נאָמען פון לאַנד. אַז אַ בירגער ווײַנט, באַשולדיקט מען דעם קייסער און מען זאָגט, אַז ער איז אַ שלעכטער טיראַן...

הונדערט טויזנט כינעזער, וועלכע האָבן נישט געקענט אײַנהאַלטן זייערע טרערן, האָבן אויף מאָרגן אויסגעוואַנדערט פון לאַנד און זיך באַזעצט אויף יענער זײַט גרענעץ, וווּ זיי האָבן געגרינדעט די רעפּובליק פון טרערן. און די איבעריקע בירגער, וועלכע האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן זייער ליב לאַנד, האָבן קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט און זיך געמוטשעט אײַנהאַלטן נישט צו לאָזן קיין טרער. און אַז אַ כינעזער איז געפאַלן און זיך צעהאַקט די נאָז, האָט ער געלאַכט, און אַז אַ כינעזערין האָבן ווײ געטון די ציין, איז זי געשפּרונגען פון פרייד...

אין אַ צײַט אַרום האָט דער קייסער ווידער נישט געקענט שלאָפן און איז אַרויס אויפן גאַס. גייט ער אַזוי גאַס אײַן און גאַס אויס, ביז ער קומט אין אַ געסל, וווּ ער דערהערט אַ גרייס געלעכטער. ווערט ער אויפגעבראַכט:

— ווער וואַגט עס אַזוי צו לאַכן אין מײַן קיניגרײַך?

שפּרינגט ווידער אַרויס דער ערשטער מיניסטער און זאָגט:

— גנעדיקער הערשער, דאָס לאַכט אַ קינד...

דער קייסער איז גלײַך אַהיים און געלאָזט מעלדן דעם פאָלק, אַז פון הײַנט אָן און ווײַטער איז אין גאַנץ כינע פאַרבאָטן צו לאַכן.

טויזנטער מענטשן זענען אויף מאָרגן געקומען צום קייסערס פּאַלאַץ און זיך געבעטן:

— גרויסער הערשער! לאָז אונדז לאַכן, אונדז איז דאָך אַזוי גוט אויפן הארצן...

אָבער דער קייסער איז געווען הארט און שטרענג, און ער האָט געזאָגט:

— ניין! לאָז די כינעזער לאַכן און זיי וועלן אָפּלאַכן פון אַלעמען און פון קייסער אַליין אויך...

הונדערט טויזנט מענטשן, וועלכע האָבן נישט געקענט לעבן אָן געלעכטער, האָבן אויף מאָרגן גענומען שטעקנס אין האנט און אויסגעוואנדערט אויף יענער זײַט גרענעץ, ווו זיי האָבן געגרינדעט די רעפּובליק פון געלעכטער.

אַז דער כינעזישער קייסער איז געשטאָרבן, האָט דאָס גאַנצע פאָלק געמוזט אים באַגלייטן אין זײַן אייביקער רו, אָבער קיין איין מענטש, אויסער דעם קרוינפרינץ, האָט נישט געוויינט און נישט פאַרגאָסן קיין טרער.

— פאַרוואָס וויינט איר נישט? — האָט געשריגן דער קרוינפרינץ — טוט אײַך נישט וויי דער טויט פון גרויסן הערשער?

דאָס פאָלק האָט זיך איבערגעקוקט און געשטוינט: —

— ווינעז?... ווי אזוי ווינט מען?..

דער קרײַנפרינץ איז געװען בייז, זייער בייז, אָבער ער האָט געשוויגן.

שפּעטער, אַז דער קרײַנפּרינץ האָט פאַרנומען דעם טראָן, האָט ער צונויפגערופן דאָס גאַנצע פאָלק און געהייסן געבן יעדן כינעזער א לעקעכל.

די כינעזער האָבן צוגענומען דאָס לעקעכל, עס אויפגעגעסן און געשוויגן.

— פאַרוואָס לאַכט איר נישט? — האָט דער נײַער קייסער געשריגן — פאַרוואָס ווײַזט איר נישט אײַער קיין צופרידנקייט! פרייט איר זיך נישט דער נײַער קייסער?

דאָס פאָלק האָט זיך איבערגעקוקט פאַרכידעשט:

לאַכן?... ווי אזוי לאַכט מען?..

דער נײַער הערשער האָט זיך צעלאַכט:

כא, כא, כא! איר זעט? אזוי לאַכט מען...

די כינעזער האָבן געמאַכט פאַרשידענע גרימאַסן, אָבער זיי האָבן בעשום־אופן נישט געקענט נאָכמאַכן זייער הערשער.

פון דעמאָלט אָן זאָגט מען:

— אזוי כינע לאַכט דער קייסער...



Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem

פּרייז 30 גראָשן **№ 22.** 25 MAJA 1936

# „Kinder - Frajnd"

DWUTYGODNIK **Wydanie B**

Adres redakcji i administracji: Warszawa I, Miła 33 m. 24

די לעצטע 2 ביכלעך פֿון דריטן

טעטיקייט-פּעריאָד — דערשיינען

— אין סעפּטעמבער ה. י. —